


שלום־עליכם.

# בערדיטשעווער טהעאטער

בערדיטשעווער רעסטאראנען.

בערדיטשעווער וויין און שכּורים.

HEBREW PUBLISHING COMPANY,
83-85-87 Canal Street, New York.
1910.

שוין ערשיענען אין בוך־פארם

דער בעריהמטער ראָמאן

# די שעהנע אראבעללא

— פון —

## קאטול מענדעס

וועלכער איז געווען געדרוקט אין „פאָרווערטס" אין פאָרטזעצונגען, און האט געמאכט די גרעסטע סענסיישאן צווישען דעם גאנצען לעזע־פובליקום.



דער ראָמאַן „די שעהנע אַראַבעללאַ" איז זעהר אינטע־רעסאנט און שפאַנענד צוליעב די ווילדע האנדלונגען וועלכע קומען אין איהם פאָר, און אלע וואס האבען דעם ראָמאַן געלעזען אין „פאָרווערטס" וועלען אויך מיט פערגעניגען דעם ראָמאַן ווידער לעזען אין בוך־פאָרם.

דער ראָמאַן „די שעהנע אַראַבעללאַ" איז פראַכטפאל געדרוקט אויף שעהנעם פאַפיר און איז געפאַסט אין א פיינעם קאָווער.

**פרייז 25 סענט.**

צו בעקומען ביי אַלע בוכהענדלער, ווי אויך ביי די פערלעגער:

HEBREW PUBLISHING CO.,

83-85-87 Canal Street, New York

שלום-עליכם.

# בערדיטשעווער טהעאטער

בערדיטשעווער רעסטאראנען.

בערדיטשעווער וויין און שכּוֹרים.

HEBREW PUBLISHING COMPANY,
83-85-87 Canal Street, New York.
1910.

# גאנץ בערדיטשעוו

**(א ריכטיגע בעשרייבונג פון דער שטאָדט בערדיטשעוו**
**מיט אלע איהרע אנטיקליך).**

פון שלום עליכם.

## III.

# בערדיטשעווער רעסטאראנען.



שרו בכאן עסט מען פריש און וואָלוועלו שרה אינדיק." איבערגעליינעט אזא מין אויפשריפט, קלעטער איך ארויף אויף גליטשיקע טרעפּ אויפ'ן צווייטען שטאָק פון א רויטען נאקעטען מויער, און חאַטש די ריחות וואָס לאָזען זיך הערען אויף די טרעפּ זענען עפּיס ניט אזוי איינגענעהמען פאר דער נאָז, נאָר „א הונגעריגער מאָגען קלויבט נישט איבער"...

—וואו איז דאָ ערגיץ שרה אינדיק?—טהו איך א פרעג בּיי איין אלטען יודען מיט א געל פּנים, וואָס זיצט אויף דער ערד און פּעררעכט איין אלטען מאטראץ.

—ווייט!—מאכט צו מיר דער אלטער און טהוט א פּאטש דעם מאטראץ און עס נעהמט פון איהם א גרין רויכעל.

—אוועקגעפאָהרען?—פרעג איך איהם.

—אוועקגעפאָהרען!—מאכט צו מיר דער אלטער און שאָקעלט מיט'ן קאָפּ—אוועקגעפאָהרען אויף אייביג!...

—געשטאָרבען? ב ר ו ך ד י י ן א מ ת!—זאָג איך און וויל מיך ארויסחאַפּען צוריק.

—יאָ—מאכט ער—נעשטאָרבען. ערב פסח ווערט זעכס יאָהר אז זי איז נעשטאָרבען. גלויבט מיר איך האָב זי נאָך ניט פערגעסען; אויף קיין מינוט אפילו! ווי קען מען דען אזעלכעס פערגעסען? איהר קאָכען, איהר באַקען, איהר בעגעהן זיך מיט דער וועלט, איהר רעדען מיט א מענשען און איהר צוטרעפען מיר מיט מיין שנעון! נאָר איך פערשטעה ניט, איך בעדאַרף אייך דען דערצעהלען? איהר האָט דאָך זי מסתמא נעקענט?

—פון וואנען—זאָג איך— האָב איך זי געזאָלט קענען, אז איך בין דאָס ערשטע מאָל אויף מיין לעבען אין בערדיטשעוו?

—הערסט! היינט וואָס זשע—זאָגט ער—פרעגט איהר זיך נאָך אויף שרה'ן?

—איך פרעג נאָר ניט אויף שרה'ן—זאָג איך—איך פ־רעג צי איז דאָ דער רעסטאָראַן „שרה אינדיק" וואָס שטעהט אויפגעשריבען אויף דער וואנד. איך וויל עפּיס עסען.

—עפּיס עסען? — מאכט ער צו מיר—הערסט! היינט וואָס זשע שווייגט איהר? . . . רחל! רחל! און עס בעווייזט זיך א שווארצ־חנ'ווד־דיג ווייביל מיט שווארצע לאַבענדיגע אייגעליך מיט פערקאַטשעטע ארבעל און מיט מעהל אויף די הענד, אויפ'ן פארטוך און אויפ'ן פנים.

—וואָס איז שוין ווייטער?—רופט זיך אָן דאָס שווארצ־חנ'ווידיגע ווייביל, טהוט זיך א וויש די נאָז מיט'ן ארבעל וואָס אויף דער זייט עלענבויגען—מע לאָזט ניט איבערזיפּען די מעהל! אלע מינוט: רחל! רחל!

—זיי ווילען עפּיס עסען.—מאכט צו איהר דער אלטער און הערט ניט אויף צו פּאַטשען דעם מאַטראַץ.

—עפּיס עסען?—רופט זיך אָן דאָס ווייביל מיט א מאָדנע מין נעזאנג ווי מע איז מעביר די סדרה, און טרייסעלט אויס דעם פארטוך און פערשיט מיר די אויגען מיט מעהל.—וואָס ווילט איהר עסען?

—וואָס האָט איהר?—זאָג איך צו איהר מיט'ן זעלבען נגון וואָס זי.

—וואָס ווילט איהר?—זאָגט זי נאָך א מאָל מיט'ן אייגענעם נגון.

—וואָס איך וויל?—זאָג איך—המ... פיש איז דאָ ביי אייך געפיעלטע?

—נאָכ'ן מארק—זאָגט זי—פיש? א שענער משלו

—נו לאָז זיין באָרשטש—זאָג איך—אז נים קיין פיש.

—וואו האָט איהר נעזעהען—זאָגט זי נאָך האָלבען טאָג באָרשטש? א באָרשטש דארף זיך קאָכען; דאס ווייסט איהר צי ניין?

—אלסדיננ—זאג איך—בעדארף זיך קאכען. א ראָסעל פלייש בעדארף זיך אויך קאָכען.

—אבי איהר ווייסט—זאָגט זי—איז גוט!

—נו?—זאָג איך—איז קיין ראָסעל פלייש אויך ניטאָ?

—פון וואנעט — זאָגט זי—האָט זיך גענומען א ראָסעל פלייש? ס'איז געוועז א ראָסעל פלייש, האָט מען איהם אויפנעגעסען.

—נו—זאָג איך—לאָז זיין א יוך.

—מיט וואס—זאָגט זי— ווילט איהר זאָל זיין די יוך? מיט מאָנע גרייפליך, מיט א מצה'לי צי מיט מאָנדלען? (א פסח פערבייט זיך ביי איהר אויף א קמץ).

—לאָז זיין—זאָג איך—מיט וואָס איהר ווילט, אבי א יוך.

—אויף ווען—זאָגט זי—ווילט איהר זאָל זיין די יוך?

—וואָס הייסט—זאָג איך—אויף ווען? אויף באלדו

—וואָס הייסט—זאָגט זי—אויף באָלד? איהר ווילט דאָך מסתמא א יוך זאָל זיין פון עוף? וואָסער א טעם האָט א יוך אָהן א עוף? און איין עוף בעדארף מען ערשט חאָפען, שיקען צום שוחט, אָבפליקען, מאָבען, זאָלצען, אָבניסען, אויסווייקען און צושטעלען; עס קען ארויס קומען הלוואי אויף אויפדערנאכט.

—ניט זשע מיר אזוי—זאָג איך—וואָס ניט איז: א שטיקיל פלייש, אביסיל זופ, א פרעזשעניצע פון עטליכע אייער, אָדער עפּיס געזאלצענס טאָמער האָט איהר?

—א מאָרנער יוד!—רופט זי זיך אָן צום אלטען—אָלסדיננ גלוסט זיך איהם . . . א הערינג אויב איהר ווילט קען איך אייך מאַכען.

—לאָז זיין א הערינג—זאָג איך—אבי ניכער.

—ווי אזוי ווילט איהר?—זאָגט זי—מיט א ציבאלקע?

—מיט א ציבעלקע.

—און מיט עסיג אוי—עך?

—מיט עסיג אויך.

—און מיט בוימעל אוי—עך?

—מיט בוימעל אויך.

זי טהוט ווידער א טרויסעל דעם פארטוך. קאַטשעט אָב די ארבעל, לאָזט זיך נעהן נאָך א הערינג און קעהרט זיך אום צוריק.

—ווי אזוי האָט איהר ליעב א הערינג זאָל זיין מיט א מילעך צי מיט א רוינ?

—לאָז ער זיין ווי ער וויל זיך—זאָג איך—אבי לאָז ער שוין זיין.

רחל לאָזט זיך נעהן און קעהרט זיך אום צוריק.

—נערוויבערטע פישליך עסט איהר?

—פארוואָס ניט?—זאָג איך.

—און ארעסער קעפאליען?—זאָגט זי.

—בכבוד גדול!—זאָג איך

—איך ווייס אָבער ניט—זאָגט זי—צי זיי זענען שוין דאָ? . . . מיר דאכט אז זיי זענען נאָך נישטאָ . . . און אפשר זענען זיי שוין דאָ? . . . ניין, ס'איז נאָך צו פריה! . . . פון דעסטוועגען וועל איך זעהן, טאָמער זענען זיי שוין דאָ . . .

רחל לאָזט זיך נעהן און קעהרט זיך אום צוריק.

—אויף יודישע קאָלבאָסען זענט איהר א בעלן?

—אָך!—זאָג איך—אדרבה קויפט, קויפט קאָלבאסען! איך האָב ליעב קאָלבאסען.

—איהר מיינט דאָך אוודאי ווארשאווער קאָלבאָסען?

—נו יאָ—זאָג איך—גנעווינטליך ווארשעווער.

—אזוי?—זאָגט זי—וועט איהר מוחל זיין זיך דורכפאָהרען קיין ווארשאָ, וועט איהר דאָרטען עסען ווארשעווער קאָלבאסען. ביי אונז פערקויפט זיך בערדיטשעווער קאָלבאסען, פון אונזער אייגענע באַד-ריפּעטשער פאבריקע; בעדארף מען האָבען צו זיי אייזערנע צייהן; שניי-דען מיט א מעסער איז אוממעגליך, סיידען האַקען מיט א האַק. דער שווארצער יאָהר ווייסט זיי וואָס זיי שטופּען אַן אהינצו וואָס ס'איז אזוי הארט! מע האָט אַנימעלטען צוהאַקט א קאָלבאס, האָט מע גע-פונען א צוויאָך. א פּנים זיי לייגען אריין צוויעבעס סע זאָל געהן גוט אויף דער וואָג? . . .

—טאָמער וואָלט געוועזן געווען נענוג רעדען?—רופט זיך אָן דער אלטער —נעה און ברענג צוטראָגען און איין עק לאָז עס האָבען!

—וואָס הייסט גלאַט ברענגען צו טראָגען? מע בעדארף דאָך וויסען וואָס ברענגען! איטליכער האָט זיך זיין משוגעת! אָט האָסט דו א שטיינער ליעב געפרעגעלטע פיש . . . און אנדערע האָבען פיינד געפרעגעלטע, האָבען ליעב באַק פיש . . . צי א שטיינער פאראַן אורחים ביי אונז אַ זעלכע, וואָס הייסען זיך אָבקאָכען געהירען און עסען דאָס צוהאַקטערהייט מיט א ציבאָלקע און מיט שמאָלץ . . . און ווידער איז פאראַן אזעלכע, וואָס האָבען ליעב אין מיטען דער וואָך פּעטשיא מיט צונעטרוקענטע פּענעצליך מיט קנאָבעל . . . און פאראַן א זעלכע פרעסערס, וואָס וועלען אייך אוועקגעבען די נשמה פאר איין אָנגעפילטע קישקע מיט פארפעל . . . און פאראַן ווידער א זעלכע, וואָס איהר זאָלט זיי אָבגילטען זיי זאָלען אייך נעמען אין מויל אריין איין עסיג פליישו . . .

—איך בעט אייך—זאָג איך—ברענגט מיר וואָס איהר וועט שוין ברענגען, וואָרים איך בין טוידט הונגעריג!

רחל געהט אוועק און דער אלטער רופט זיך אָהן צו מיר:

—נייען מאָס רייד!

—ס'איז אייערע א טאָכטער?—פרעג איך איהם.

—וואָסער טאָכטער! — מאַכט ער צו מיר — ס'איז מיין ווייב, דאָס אנדערע ווייב ביי מיר. עך, עך, עך! אוואדאי איז דאָס ניט יענע... יענע עליה השלום איז געווען א יודענע וואָס מע קריגט זי נישט!... דאָס הייסט איך האָב צו דער אויך גאָר ניט, זי האָרעוועט נעביך זעהר געטרייה, אז אָך און וועה איז איהר!... אָט דאָס שטיקיל מאטראַץ, וואָס איהר זעהט, איז אונזער גאַנץ בעטגעוואַנט... און דערצו בין איך א קראַנקער און א קאַפּריז־נער! אויסשטעהן מיין שגעון—בעדאַרף מען זיין שטאַרקער פון אייזען! דאָס הייסט בטבע בין איך דווקא א גוטער; נאָר מיך אַז מע דער'רגזנ'ט מיט א וואָרט איז חיות ניט זיכער: וואָס סע קומט מיר אין האַנד פליהט דאָס אין קאָפּ אריין!—אָט אזא „ספּילשליווער" בין איך!... איהר מיינט איך האָב דאָס איהר ניט געזאָגט פריי־הער, איידער איך האָב זי גענומען? איך האָב איהר געזאָגט, אַז קיין האָניג וועט זי ביי מיר ניט לעקען; זי וועט זיין צופריעדען, אַז עס וועט זיין א שטיקיל ברויט אין שטוב; פון פלייש און פון מילך שמועסט מען ניט! און האָרעווען האָב איך איהר געזאָגט פריהער, אז זי וועט האָרעווען פאַר דריי...

—צו ליעב וואָס זשע האָט זי אייך גענומען?—פרעג איך איהם.

—וואָס הייסט—מאַכט ער צו מיר פערוואונדערט—צו ליעב וואָס? און די „שטוב" איז ביי אייך א הונט?

—וואָסער שטוב?—זאָג איך—אָט דער מויער איז דען אייערער?

—ניין!—מאַכט ער צו מיר מיט א געלעכטער—איך מיין די „רעסטאָראַציע" וואָס איך האָב. ס'איז ביי מיר איין איינגעפיהרט געשעפט שוין פון כמה וכמה יאָהרען. אָט ווי ס'איז ניט געשלאָגען איצטער די פרנסה פון דעסטוועגען איז פאָרט א שטוב! ווען איהר טהוט א קוק אויף מיין רחל'ן שבת ביי טאָג, אז זי טהוט זיך אָן און ניצהט ארויס אויפ'ן שפּאַציר וואָלט איהר געמיינט ס'איז א

גראפיניעו זי איז טאקי קיין עין הרע זעהר א שעהנע. איצט איז זי שוין אביסיל „אָבגעבליאקעוועט“. איהר זאָלט זי געזעהן פריר־הער מיט עטליכע יאָהר! . . ,

—וויפיעל קינדער האָט איהר?—מאַך איך צו איהם.

—טע—טע—טע!—מאכט ער צו מיר—קינדער?—אָט דאָס איז די גאנצע צרה, וואָס איך האָב קיין קינדער נים! . . . אביסיל בראָנפען וועט איהר נעמען? וועל איך אייך געבען אביסיל „שפירעט“.

אָך!—זאָג איך—מיט׳ן גרעסטען כבוד.

—איך וועל אייך געבען אין א פינסטערער כלי—מאכט צו מיר דער אלטער און שלעפט ארויס פון בוזעם־קעשעני א פלעשיל און א קליין געגלייזט טעפעלי און גיסט מיר אָן אביסיל „שפירעט“. דאָס ביסיל „שפירעט“ מאכט מיר נאָך א גרעסערען אפעטיט און איך פיהל, אז עס עקט זיך מיר דאָס חיות.

עס קומט אָן רחל מיט׳ן הערינג און טהוט זיך א פאטש מיט ביידע הענד איבער׳ן קליידיל:

—אוי, א דונער איז מיר! איך האָב גאָר פערגעסען, אז אין שטוב איז ניטאָ נישט קיין בולקע און נישט קיין ברויט! וואָס פאר א געבעקס האָט איהר ליעב? יודישען קוילעטש, צי פראנצאָלים, צי גאָר קאָרן־ברויט?

—וואָס איהר וועט דערזעהן פריהער—זאָג איך—אָט דאָס זאָלט איהר קויפען! איך בעט אייך זעהר איהר זאָלט מיך מעהר נישט פרע־גען וואָס איך האָב ליעב! איך האָב אלסדינג ליעב!

—א קאפריזנער אורח!—זאָגט רחל—פערעבענדיוועט נאָך מעהר ווי מיין מאָן . . . מיין מאָן וואָלט א בעלן געווען אלע טאָג א פרישען פידפאליק . . . אלט געבאקען ברויט נעמט ער נישט אין מויל אריין . . . קען דען זיין אלע טאָג פריש געבעקס? דאָס קאָן אויס־פיהרען סיידען קאָביליאנסקי . . .

—נו געה שוין נעה—זאָגט צו איהר דער אלטער—זעהסט דאָך אז זיי חלש'ען עסען! . . .

רחל געהט אוועק נאָך געבעקס און עס קומט אריין א יודינע אַ הויכע מיט איין אויג; איין האנד האלט זי אין בוזעם און מיט דער אנדערער האנד קראצט זי זיך אין אויער.

——וואָס טהוט מען, רב משה יענקיל, גיט מיר איין עצה?— זאָגט די הויכע יודינע צום אלטען. ביי מיין שמואלק'לען האָט זיך שוין ווידער צושפּיעלט איין אויעריל . . .

עס קומט אָן רחל מיט'ן געבעקס און מאכט מיר דעם הערינג, און די הויכע יודינע הערט ניט אויף אויסצומאָלען ווי עס רינט ביי איהר שמואלק'לען פון איין אויעריל . . זי האָט מורא זי וועט ווידער מוזען אָנקומען צום רופא, ווייסט זי ניכט צו וואָסער רופא זאָל זי געהן? וואָרים צו וואָסער א רופא זי זאָל ניט געהן, ווייסט זי פריהער אז ס'איז ארויסגעוואָרפען, מחמת די באדריפּעטשער רופאים, דער רוח זאָל זיי נעמען, זענען נוטע בלוטצאפּערס! א באדריפּעטשער דאָקטאָר אז איהר ניט חלילה ווינציגער פון א גילדען, טהוט ער אייך א שמיץ אין פּנים אריין! ס'איז איהם קארג צו קרענקען דעם פּראָפּעסאָר! . . .

—ניט עפּיס א נדבה א קראנקען! — מאכט א יוד מיט א בלוי פּנים און ציהט אויס א קליין אויסגעטרוקענט הענטיל, וואס איז בעשאפען געוואָרען לכתחילה פאר א סגולה אויף בעטען נדבות . . .

—ניט עפּיס א נדבה א ווייסטען קאַליקע! . . . רופט זיך אָן א נפש וואס געהט אויף די הענד מחמת ביידע פיס זענען ביי איהם צו־נויפגעפלאָכטען און אונטערגעבויגען אונטער זיך.

—ניט עפּיס א נדבה א חולה־נופל'דיגען! . . . איך וואַרף אוועק אין מיטען דער „סעודה“, איך צורעכען זיך פאר'ן עסען און אנטלויף פון דער „רעסטאראציע“ וואו דער שווארצער פעפער וואקסט! . . .



# IV.



אָך אזא מיטאָג וואָלט גוט געווען פערטרינקען מיט
א גלעזיל וויין".. . אזוי טראכט איך מיר און דערזעה
איין אויפשריפט:
בכאן מוכרים יי"נ וביער למקח השוה.
איך לאָז מיך אראָב אין א פינסטערען קעלער.
צווישען פעסער און פעסליך, צעבערס און פלעשליך,
און דערזעה ביי דער זייט זיצט א היבשער בחור מיט איין אונטערגע־
בונדען געשוואָלען פנים איבער א מולטער און האקט ראָזינקעס מיט
א האקמעסער.

—וואו איז ערגיץ דער בעל־הבית? פרעג איך דעם בחור.

—דער בעל־הבית? — מאכט צו מיר דער בחור און נעמט אָן א
פולע זשמעני מיט ראָזינקעס, טהוט א שמיר איבער'ן מויל און חראָמקעט
מיט די צייהן גאנץ געשמאק — דער בעל־הבית איז אין קאמער, ער
מאכט „ווימאָראָזינג".

—וואס הייסט—זאָג איך—ער „מאכט ווימאָראָזינג".

—איהר ווילט וויסען—מאכט צו מיר דער בחור—ווי אזוי מע
מאכט ווימאָראָזינג ביי אונז אין באדריפעטש? מע נעמט ראָזינקעס
און מ'צ האקט און מע האקט און מע האקט זיי אריין אין א גרויסער
פאס אריין, מע בויטעט אָן דאס איבעריגע מיט וואסער פון דער
נגילאָפיאטקע, און מע מישט אריין האָפען, הויבט דאס אָן שפיעלען;
און אז סע צושפיעלט זיך, ווערט א געשטאנק, אז מע קען דערוואָרגען

ווערען! נעמט מען א פּאָר עמער „שפּירעט" און מע האקט אריין עפּיס א מין פּראָשעק אזעלכען, וואס מע נעמט דאס אין דער אַפּטהייק, סע קאָסט א גילדען א פּוד; נאכדעם זייעט מען דורך דעם גאנצען ווײן דורך א גויעשער העמד און מע שרייבט אָן מיט קרייד אויף דער פּאַס: ווימאַראַזינג אַקערמאַן . . . און אז איהר ווילט דער ווײן זאָל זײן רויט נעמט מען דעם איינענעם ווימאַראַזינג און מע פערפארבט איהם מיט נאָלעש-טינט און מע שרייבט אָן מיט קרייד אויף דער פּאַס: באָרדאָ ישן קעשעניוו . . . און אז איהר ווילט זיסען ווײן, נעמט מען דעם איינענעם באָרדאָ און מע וואַלגערט אהין אריין איבערגעקאָכטען צוקער, אָדער נאָר מאַליעס, און מע שרייבט אָן מיט׳ן קריידיל אויף דער פּאַס: זמירער פּעאָדאָסיע אָדער אינגערשער מאַלאַגע . . און בּעדריפּעטשער מבינים זשילאָקען די דאזיגע קאקעפּיציע און לעקען די פינגער! . . . שאַ אָן נעהט דער בעל-הבית, ארויסנעהן זאָל פון איהם די פּאָרע! . . .

דערזעהן דעם בעל-הבית געהן, הויבּט דער בחור אָן צו האקען די ראָזינקעס מיט אַלע כוחות.

—וואָס האָט איהר געוואָלט? — מאַכט צו מיר דער בעל-הבית, א רויטער יוד נישט קיין הויכער מיט א הייזעריק קול און מיט אייאוינג איין אָפּענס, וואָס אפילו אז ער שלאָפט מוז ער דאס אויך א פּנים האַלטען אָפען.

—א גלעזיל ווײן.—זאָג איך.

—א לאַחדים גלעזיל ווײן? — מאַכט ער צו מיר, דרעליוועט איין אויער און קוקט אויף דער סטעלי.

—א לאַחדים גלעזעל ווײן. — זאָג איך.

—וואָס זשע—זאָגט ער—האָט איהר זיך אַראָבגעלאָזט אין קעלער? פאר וואָס זענט איהר ניט ארויפגעגאנגען אויבען? קריכט ארויף און נעמט זיך זייט מוחל רעכטס!

איך קריך ארויף און נעם מיך רעכטס און קום אריין אין א

פינסטערען חדר פול מיט רויך און מיט בלאָטע. עס שטעהען עטליכע טשאַחאָטעטשנע מישליך מיט הונקענדינע ביינקליך און יודען זיצען, רויכערען פאַפּיראָסען און טרינקען „ווימאָראָזינג“. זיי זינגען ניט, שרייען ניט, שעלטען ניט, שלאָגען ניט מיט די הענד אין טיש אריין און בע־ווייזען נישט קיין שום מאוסע שטיק. וואָס דען טהוען זיי? זיי זיצען און זופען דעם „ווימאָראָזינג“ פון די גלעזליך, פעררויכערען מיט א פּאַ־פּיראָס, זיפצען און קרעכצען און רעדען שטילערהייד. אָט זיצען צוויי יודען ביים טישיל, אראָבגעלאָזט די קעפּ. מע זעהט אז ס'איז ביי זיי אויסגעגאַנגען ווערטער. חאַפּט זיך אויף איינער:

—וואס זאגסט דו, שמעון־דוד אויף דעם ווימאָראָזינג, האַ?

—וואָס זאָל איך זאגען אויף דעם ווימאָראָזינג?—האַפּט זיך אויף דער אנדערער ווי פונ'ם שלאָף—ס'איז א ווימאָראָזינג פון גאָט! ס'איז שוין איין מאל א ווימאָראָזינג.

—מע בעדארף איהם פרעגען, צי וועט ער האבען פונ'ם איינגע־נעם ווימאָראָזינג אם־ירצה־השם אויף פסח?

—דו זאָרגסט זיך שוין פאר'ן פסח? ביזט שוין א פנים א בע־וואָרענטער מענש ארום און ארום? נאָר פסח־דיגער ווימאָראָזינג געהט דיר אָב?

—וואָס דען איך בעט דיך, אז אָך און וועה איז מיר!

—אָז אָך און וועה איז מאַקי דיר, אז דו בעדאפסט זיצען אט אדאָ דעם גאנצען טאָג. אויסבעהאלטען זיך פונ'ם ווייב, זי זאָל ניט מאָנען אויף שבת

דערמאָן מיר נישט דאָס ווייב, גיב מיר בעסער מיט א פּאָסטויל אין הארצען! וואָס קען איך איהר געבען? צרות קען איך איהר געבען, אז אָך און וועה איז מיר!

—דו מיינסט מיר איז בעסער? אז אָך און וועה איז מיר אויך!

—איך וויים אז דיר איז אויך ניט בעסער, אז אָך און וועה איז אונז ביידען! לחיים, לאָמיר זיין געזונד. . .

נאָך צוויי יודען זיצען ביי איין טישיל. איינער מיט אַ גאַנצער קאַפּאָטע, דער אַנדערער מיט אַ צוריסענע קאַפּאָטע. דער וואָס מיט דער גאַנצער קאַפּאָטע רעדט, און יענער וואס מיט דער צוריסענע קאַפּאָטע קוקט איהם גלייך אין דיא אויגען אריין און שאָקעלט צו מיט׳ן קאָפּ.

—פערשטעהסט דו שוין וויא אזוי לוי־יצחק דרעהט אויס אַ גנעשעפט?. . . לוי יצחק קען זיך ארייגדרעהען און דרעהען און דרעהען און פערדרעהען אי זיך אי יענעם, און סוף כל סוף זיך פּאַרט אויסדרעהען! ווארום איך אז איך טרעט צו צו אַ געשעפט, שמעק איך פריהער, שאַ, פּאַוואָלינקע, נישט געהאַפּט... און אז איך שמעק שוין גוט אָן וואו עס האַלט, טהו איך מיר אַ פּאַרקע הינטען ארום, דאס, יענעס, לאָקש, בוידעם, ציבעלע, טאָמער אזוי, טאָמער אזוי, וואס וועט אייך ארען ממה־נפשך, וויא זאגט ער גוט איז אַ חיי־שעה!... אי וואס טאָמער טהוט מיר יענער אַ קוק אוועק, און איך דערזעה אז ס׳איז אויף צרות, אויף קידער ווידער?... טרייט איך מיר אָב אָן אַ זייט און—שאַ! לאז זיך עס טהון אָהן מיר!... אויב ס׳איז באַשערט וועט דאס ניט אוועק, און אז מע וועט בעדאַרפען פּאַרקען וועט מען פּאָרקען... פאראָן אַ פּייטערבאָרג איז פאראָן!... מיר וויסען שוין וויא אַ טיהר עפענט זיך... מיר פערשטעהען דאס מין.. מיר קענען די עברי וואס מע דאַרף... טאָמער דאַרף מען שרייבען געפינט מען שוין דעם וואס שרייבט... דער עיקר איז ס׳זאָל זיין שטיל, ש ש שאַ!!!

נאָך עטליכע יודען מיט פערשידענע קאַפּאָטעס און אַלערליי מינים קאַשקעטען זיצען ביי איין טישעל און רעדען אַלע מיט אַ מאָל, אזוי אז זייערע ווערטער ווערען צונויפגעגאָסען אין איינעם און עס קומט אויס אַ מישמאַש פון מסחר, פון פּאָליטיקע, פון ווימאָראַזין, פון אמאָלינע יאַהרען, פון היינטיגע קינדער, פון דאָקטוירים, פון׳ם טראַמוואַי, פון דער טאַקסע, פון אַ רוח אין די באַדריפּעטשער

גנידים׳ס טאַטען אריין! — ס׳איז שווער ארויפצוכאַפען אויף פאַפיר דאָס וואָס עס ווערט דאָ גערעדט . . . און ביי דער זייט שטעהען ווילד פרעמדע יודן, וואס טרינקען ניט קיין ווימאַראַזינג, נאָר זיי זענען אריינגעגאנגען אהער גלאט אזוי, הערען וואס מע רעדט. און טאקי אין איין וועגס זיך אָנגווארעמען . . .

נאָך א קאָמפאַניע יודען זיצען ארום א טיש, טרונקען ווימאַראַזינג, און זינגען א ליעדיל, און דוקא אויף גוי׳עש; נאָר שטיל, אָהן געפילדער, מיט זעהר א וויינענדיגען נוסח, ווי מע זאָגט סליהות אָדער תהלים:

אברהמניו! אברהמניו! אָבינו טי נאַש
טשעמו טי נעפראָסיש, טשעמו טי נעפראָסיש
אלהינו נאַש!
אַלבאָ נאַס וויקאופיטי, אַלבאָ נאַס וויפראָסיטי,
לארצנו נאַשו, לזעמליו נאַשו! ? . . .

אז עס האַלט ביים „וויקאופיטי“ מאַכען זיי דאָס מיט א שטורם מיט א ירגזון, דאס הייסט מיט תקיפות, מיט שטאַרקיים. נאָר אז עס קומט צום „וויפראָסיטי“ ווערען זיי מיט אמאָל ווייך, בייגען איין די קעפ און מאכען מיט די הענד, ווי להבדיל א פרומער חזן ימים נוראים פאר׳ן עמוד, און ביים „לארצנו נאַשו“, „לזעמליו נאַשו“, צו וויינען זיי זיך טאַקי מיט טרעהרען ווי קליינע קינדער . . .

עי—עי—עי—עי!—רופט זיך אָן איינער פון דער קאָמפאַניע, א יוד, וואס דאס קאשקעטיל ליגט איהם שוין אויף יענער האַלב קאָפּ, די אויגען זענען ביי איהם ווי שלעפעריג און די צינג פּלאָנטערט זיך שוין אביסיל צווישען די צייהן—וואס וואָלט געווען א שטיינער כדומה למשל מע זאָל אונז אָבגעבען הייסט דאס ארץ ישראל? הא, יענקיל וואס זאגסט דו, יענקיל? דו ביזט דאָך עפּיס א יודע נגן!

—ארץ ישראל?—זאגט יענקיל, ציהט אויס דעם האלז און קראצט זיך אונטערין קאָלנער—ארץ ישראל? עו! ס׳וואָלט אוואדאי געווען ניט

שלעכט . . . עפּיס טהוען זיי זאגט מען דאָך אין דעם, ווי אזוי הייסען זיי? די . . . די . . . די . . .

—די ציוניסטען?—חאפּט איהם אונטער נאָך איינער—בלאָטע! ס'וועט גאר ניט זיין פון דעם! איך זאָג אייך אז ס'וועט גאר ניט זיין פון דעם!

—פאר וואס? עפּיס בעדארף דאך זיין אלסדינגג מיט א טעם!

—אזוי, מסתמא ווייס איך, אז איך זאג. איך האב פיינט רעדען גלאט אזוי; דו ווייסט דאך אז איך זאג, איז געזאגט! . . .

—איהר זענט אלע בהמות! רופט זיך אן א ראבּאָוואטע יודיל מיט א לאסטרינגענע קאפּאָטע, רעדט פּאוואָלי, צעהלט די ווערטער, ליינט ארויף דעם פינגער אויף דער נאָז, האלט דאס מויל אין א זייט און שמייכעלט צו זיך אליין זעהר געשמאק און די בעקעליך פלאמען איהם—איהר זענט פערד, ווי איך בין א יוד, אוי זענט איהר פערד! איך קוק און שוויינ און הער זיך צו וואס איהר רעדט: ציוניסטען, שמיוניסטען, קעבעבע מיט לאקרעץ . . . איך זעה ארויס, אז איהר ווייסט קיינער נישט מה דקאמרי רביצין! אויב איהר ווילט וועל איך אייך זאָגען וואס דא לינט! די מעשה דערפון איז אזוי . . . נאָר הערען זאָלט איהר מיט קאָפּ! . . .

ער נעמט דאס בערדיל אין מויל אריין, פערמאכט די אויגען, טראכט לאנג לאנג, און חאפּט זיך אויף ווי פונ'ם שלאָף און טהוט א מאך צום בעל־הבית, קנאקט צו מיט'ן פיננער.

—רב זיים זשע מוחל! הייסט געבען נאָך א פלעשיל ווימאָ־ראָזינג! . . .



# בערדיטשעווער טהעאַטער.

V.

א רויסגעגאנגנען פון ווינקעלער האב איך דערזעהן איין אפישע מיט גרויסע אותיות אויף יודיש אָבגעדרוקט די דאָזיגע ווערטער:

„דאָס ערשטע מאָל אין בערדיטשעוו"

„דאָס יודישע טהעאַטער"

„דער אמת׳ער אדלער פון אמעריקא!!!"

„דער גרעסטער קאָמיקער פון דער וועלט!"

„איהר וועט צוגעהן פאר געלעכטער!"

„אזא באָבע יאכנע איז נאָך ניט געווען זינט די וועלט שטעהט!"

„אזא האָצמאך ווי ביי אונז איז נאָך גאָר נישט געבאָהרען געוואָרען!"

„היינט שפּיעלט מען א שפּאָגעל נייע אָפּערא".

„!—קאָלדוניא—!"

„יודען! פארזעצט וואָס איהר האָט!"

„יודען! געהט אין טהעאטער!"

„יודען! איהר וועט זיך מחיה זיין!"

„יודען, לויפט!"

„בילעטין קויפט!"

„גיכער, גיכער"

„ווי א וויכער! . . ."

אונטען נעהען נעחתמ'עם: דער רעזשיסאָר, דער דיריזשאָר און דער אנטרעפּרעניאָר, טאקי אדלער אליין, „דער אמת'ער אדלער פון אמעריקא, דער גרעסטער קאָמיקער אין דער וועלט."

—איהר ווייסט נישט, וואו איז דאָ ערגיץ דאס יודישע טהעאַ־טער?—טהו איך א פרעג א יודען, וואס לויפט פארביי מיר מיט א פּעקיל סחורה אונטער דער האנד.

—דאס יודישע „וואָס"?—מאכט צו מיר דער יוד מיט'ן פּעקיל סחורה און שטעלט זיך אָב און בעטראכט מיר פון קאָפּ ביז פיס.

—דאס יודישע טהעאַטער—זאג איך.

—וואָסער „טרעיאַטער"?—זאגט ער.

—דאס טהעאטער – זאג איך – וואס מע שפּיעלט דאָרטען.

—ווער שפּיעלט דארטען?—פרעגט ער מיך.

אדלער—זאָג איך שפּיעלט דארטען.

—וואָסער אדלער?—מאכט ער צו מיר.

—אדלער—זאָג איך—דער אמת'ער אדלער.

—פון וואנעט איז ער?—מאכט ער צו מיר.

—פון אמעריקא—זאג איך—איז ער.

—פון אמעריקא?—מאכט ער צו מיר—וואס זשע טהוט ער היער?

—ער שפּיעלט דאָ—זאג איך—אינ'ם יודישען טהעאַטער . . .

—וואס זשע שפּיעלט ער?—זאגט ער.

—„קאָלדוניאַ"—זאג איך—שפּיעלט ער.

—וואס הייסט דאס „נאָלדוניע"?—מאכט ער צו מיר.

איך וויל אוועקגעהן, לאָזט ער מיך נים; ער וויל איך זאל איהם נאָר דערצעהלען, וואס איז דאס אזעלכעס „טרעיאַטער", און וואס הייסט „נאָלדוניע", און ווער איז דער אדלער וואס ער איז געקומען אהער אזש פון אמעריקא? . . . איך דערצעהל איהם און ווי ווייט מעגליך מאַך איך איהם קלאָר, וואס איז אזעלכעס טהעאַטער און וואס איז „קאָלדוניאַ" און ווער איז אדלער. מיין יוד הערט אויס אלסדינג

מיט קאפּ, בייגט זיך אָן, טהוט א שפּיי אויס און נעהט אוועק אָהן א זייטנגעזונד.

—בחאנע ביילה! וואָהין לויפסט דו אזוי?—שרייט איין ווייביל צום אנדערען איבער דער גאנצער גאס און חאָרחעלט, קען ניט אויס־רעדען קיין „ר“.

—אין „טחעיאָטעח“ אחאן! ענטפערט איהר דאס אנדערע ווייביל אויך מיט א חאָרחלען און מיט א קמץ דאָרט וואו מע דארף א פּתח.—נו, און דו געהסט נאָר ניט אין טחעיאָטעח אחאן?

—אחויסנעהן זאָל איהר די נשמה!—מאכט דאָס ערשטע ווייביל—וואס זאגסט דו צו מיין באַרחיפּיטשער נגידית? זי וויל נאָך איך זאָל איהח היינט מאכען די געגז, מאכען זאָל זיך איהח א מכה! און פּחעגלען שמאָלץ, פּחעגלען זאל מען זי שוין חבונו של עולם! די גאַנצע וועלט געהט אין טחעיאָטעח און איך דאחף זיין צוגעבונדען, בונדען זאָל מען זי אויף אָלע פּיעח ליבּעח גאָטן!

—וואס העחסט דו זי?—זאגט דאס אנדערע ווייביל—פּאָח דיי געלט מענסט דו געהן וואו דו ווילסט!

—איך העח זי ווי המן דעם נחייגער! — מאכט דאס ערשטע ווייביל—איך לויף א היים און טהו זיך איבּעח און געה אין טחעיאָטעח אחאן; זי זאָל אפילו אויפלויפען ווי א באַחג!

ביידע ווייבליך צוגעהן זיך און איך האָב דערווייל מיט וועמען צו געהן אין טהעאטער. דאס ווייביל וואס געהט אין טהעאטער קוקט זיך אָלע ווייל אַרום און זעהט אז איך געה איהר נאָך, בלייבּט זי שטעהן א ווייל און נעמט זיך רעכטס—איך געה רעכטס. זי נעמט זיך לינקס—איך געה לינקס. זי געהט פּאוואָלי—איך געה איהר נאָך. הויבּט אָן דאס ווייביל לויפען ווי מע לויפט אויף א שׂרפה.

—וואס איז? — פרעגט מען זי — וואוהין לויפסט דו? נאָט איז מיט דיר!

—עפּיס א שלים־מזל!—זאגט דאס ווייביל און ווייזט אָן אויף

מיר—עח געהט מיח נאָך שוין פון א שעה, איך ווייס ניט וועח עח איז! . . .

גיד ווערט בעשאפען ארום אונז אַ גאנץ רעדיל פון יודען, ווייבער און קינדער. מע הויבט אָן טייטלען אויף מיר מיט די פינ־גער . . . עס פאָהרט דורך פארביי א בעל־עגלה, חאפּ איך מיך אריין איןביידיל און הייס מיך פיהרען אין טהעאטער אריין.

צונעפאָהרען צום טהעאטער טרעף איך א גאנצע חאליאסטרע בחורים און מיידליך שטעהען אין דרויסען, רעדען און לאַכען אָה שיטען מיט ווערטליך.

—לאָזט דורך דעם פריץ!—שרייט איינער צום אנדערען.

—פּאוואָלי איהר וועט איהם חלילה צוקנייטשען דעם קאפּע־לישו! שרייט נאָך איינער.

קוים מיט צרות, מיט לייד, זיך דורכגעשטופּט דורך דער חאַ־ליאסטרע צו דער קאסע, א קליין פענסטעריל. טהו איך א פרעג צי קען איך בעקומען א בילעט, און די האליאסטרע פון אונטען שטופּט מיך און קוועטשט מיך פון אלע זייטען.

—וואָסער א בילעט ווילט איהר?—פרעגט מיך דער קאסיר א דארער בחור מיט א לאנגען גאָרגעל.

—וואָסער בילעטען האט איהר?—פרעג איך דעם קאסיר.

—פאראַן—זאָגט דער קאסיר—אויף א גילען און אויף צוויי גילען און אויף דריי גילען.

—און טהייערער איז נישטאָ ביי אייך?—פרעג איך איהם אָה די חאליאסטרע בשעת מעשה הערט ניט אויף צו פּילדערען.

דערהערט פון מיר אזעלכע דבורים, חאפּט זיך אויף דער קאסיר פונ'ם בענקיל, שטעקט ארויס דעם קאָפּ פונ'ם פענסטעריל און שרייט אויס אויף דער חאליאסטרע מיר גלייך אין פנים אריין:

—א רוח אין אייער ט . . . ט . . . אריין! איהר וועט זיך ניט צונעהן? אט שיק איך אייך ארויס רב לאָזער דעם גאָראָדאָוואָי

מיט א קישקע וואסערן קומט — מאכט ער צו מיר — אהערצו אין טויער אריין.

די חאליאסטרע טריט אַב אביסיל אויף א זייט און איך שלאָג מיך דורך דורכ'ן טויער אין הויף אריין. אין הויף שטעהט א גרויסער שמאל אָדער שאלאש, וואָס פון די ברעטער לייכט זיך דורך א פייעריל און עס לאָזט זיך הערען א געשריי פון מענשען. א האלבע טיהר פון דעם שאלאש שטעהט אָפען און צוויי געזונדע יונגען שטעהען און געבען אכטונג, מע זאָל זיך ניט אריינחאפען אין טהעאטער אריין אהן א בילעט.

—יודען! איינציגוויז נעהט, איינציגווייז! — שרייט א יוד מיט איין אויסגעפליקטער באָרד און מיט א שווערד אויף דער זייט; א פנים דאס מוז זיין רב אלעזר גאָראָדאָוואָי. נאָר דער עולם הערט איהם ווי דעם קאָטער; מע וויל נישט געהן איינציגווייז; איטליכער וויל פריהער און אלע שפארען זיך מיט אמאָל.

—לאָז דורך, דו יון מיט דער שפאגע! דו זעהסט ניט ווער סע נעהט? — אזוי שרייט איינער און שטופט זיך דורך מיט געוואלד, שיט מיט ווערטער אויף די אקטעיורען: פייפערן האָלעדראנעען גרינער אגרעסן ליידיגע קישקען . . .

איך קוק מיך ארום: ווער רעדט דאס עפּיס זעהר א קענטליכע שפּראַך. איך קוק מיך צו — איך האב איהם דערקענט: ס'איז נח דער שווייצאר פון מיין סטאנציע „האָטעל טערקאליא". נאך איהם שלעפט זיך נאָך א גאנץ געזינדיל ווייבער, בחורים און מיידליך.

—ווער איז דאס ווייביל? — פרעגט איהם איינער פון די אקטיאָרען.

—דאס איז מיין ווייביל — ענטפערט נח — דו קענסט נישט מיין שרה פעריל? און דאס זענען מיינע קינדער.

—און דאס?

—דאס איז מיין שווינער.

—און די דאזיגע?

—דאס איז מיין ווייבס א שוועסטעריל.

—און ווער איז דער יונגערמאן?

—דאס איז איהר חתן.

—און ווער איז דאס מיידיל?

—דאס איז דעם חתן׳ס א שוועסטער.

—און ווער איז דער בחור?

—דאס איז דעם חתן׳ס שוועסטערס א חתן.

—און ווער איז אָט דאס מיידיל?

—דאס איז זיין שוועסטער. דאס הייסט דעם חתן׳ס שוועסטערס חתן׳ס א שוועסטער.

—א היבשע משפחה ביי אייך, רב נחן . . .

—זאָלץ דיר אין די אויגען, שטיינער דיר אין הארצען!—מאכט צו איהם נח—זאגט חאָטש קיין עין הרע, דו אָקטיאָרשטיק! דו קאָמע־דיאַנטשיק! דו בערענטרייבער! דו גאָרגעל רייסער! דו בולקע שלינגער! . .

תיכף נאָך נח דעם שווייצאר שפּארט זיך דורך דער משרת פונ׳ם האָטעל מיט די גרויסע שטיוויל. איינער פון די אָקטיאָרען וואס שטעהען ביי די טיהר דערלאנגט איהם א זעץ פון הונטען און שטופּט איהם אריין אין טהעאַטער אריין

נאָך איהם זעה איך פערשיעדענע פּערשוינען שפּארען זיך דורך, מעהרסטענטהייל אהן בילעטען. צווישען די פּערשוינען דערקען איך מיין בעל־הבית פון דעם האָטעל „טערקאַליא“ מיט עפּיס א יודענע זעהר א גראָבע, וואָס נעהט ווי אויף רעדליך און קאטשעט זיך ווי א קאטשקעלי.

—אַ? איהר זענט אויך דאָ?—מאך איך צום בעל־הבית און פּער־געס אז ער איז טויב ווי די וואנד

—נישט קשה!—ענטפערט ער מיר און שרייט אויף א קול, גלייך ווי איך וואלט דאָ געווען דער טויבער—זיי זיננען קיין מעשה ניט!

—איהר זענט דאָ דאס ערשטע מאל?—פרעג איך איהם.

—ס'איז רב ליפעס שטאָל—מאַכט ער צו מיר—אַ גאַנץ יאָהר האַלט מען דאָ בהמות, אָדער פערד . . .

—קום שוין קום!—רופט זיך אָן צו איהם די גראָבע און טהוט איהם אַ שלעפּ ביי דער פּאָלע, און זיי גאָהען אַוועק ביידע און בעזעצען זיך גאַנץ אויבען אָן.

—הערט נאָר איהר אַקטיאָרען! וואו זענט איהר ערגיץ?

אַזוי רופט זיך אָן איינע אַ דאַמע מיט אַ ווייסען פעדער, און מיט בריליאַנטען, און נעבען איהר שטעהט אַ קאַוואַליער מיט אַ קאַפּעליש און מיט אַ געשערען בערדיל.

עס שפּרינגט אונטער איינער פון די אַקטיאָרען, אַ בחור מיט אַ קורץ זעקיל, מיט אַ קויטיג העמד און מיט אַ הונגעריג פּנים.

—וואָס וועט איהר עפּיס זאָגען, מאַדאַם?

—וואָס הייסט וואָס וועל איך זאָגען?—מאַכט צו איהם די „מאַדאַם"—מיר האָבען דאָך געקויפט בילעטען, פאַר וואָס ווייזט מען אונז ניט אונזערע ערטער?

דער לאַנגער אַקטיאָר מיט'ן הונגעריגען פּנים נעמט ביי זיי די בילעטען און פיהרט זיי צו גאַנץ אויבען אָן און וויל זיי בעזעצען, זענען פערנומען אַלע בענקליך.

—זייט זשע מוחל, איהר האָט זיך געזעצט ניט אויף אייערע ערטער!—מאַכט דער אַקטיאָר צו אַ בחור מיט אַ מיידיל, וואָס זיצען און קנאַקען ניסליך פון איין שקאַרמוציל.

—ווער האָט אייך געזאָגט, אַז מיר זיצען נישט אויף אונזערע ערטער?—זאָגט דער בחור און טהוט זיך זיין אַרבייט.

—ווייזט אייערע בילעטען!—זאָגט צו זיי דער אַקטיאָר און נעמט ביי זיי די בילעטען און ווייזט זיי וואו זיי דאַרפען זיך זעצען. אַסאַך נידעריגער.

—וואָס הייסט—מאַכט דער בחור—איהר וועט אונז זאָגען דעות וואו מיר זאָלען זיך זעצען? וואָס איז דאָ, להבדיל אַ שול צי וואָס?

דער אַקטיאָר לאָזט זיך אריין מיט איהם איז א לאַנגען שמועס. דער בחור מיט'ן מיידיל ריהרען זיך ניט פון די ערטער און קנאַקען ניסליך. דער לאַנגער אַקטיאָר מיט'ן הונגערינען פּנים פּרובט זיך ביי אלע איבעריגע פּאַרשוינען וואָס אין טהעאַטער, נאָר דאָס גאַנצע פּובליקום זיצט אויף די ערטער גאַנץ פעסט, קיינער וויל ניט אָבטרעטען, חאָטש נעם פיהר ארויס דאָס גאַנצע טהעאַטער מיט געוואַלד.

די דאַמע מיט'ן ווייסען פעדער און מיט די ברילליאַנטען ביי'ערט זיך, „וואַס איז דאָס פאַר פּאָראַדקעס אין באַדריפּעטשער טרעיאַטער?״ זי שרייט מע זאל איהר אומקעהרען איהר געלד וואָס זי האט בעצאַהלט פאַר די בילעטען! וואו איז ערניץ לאָזער גאָראָדאָוואָי?! . . .

עס בלייבט אז מע זאָל ברענגען עקסטרא פון איהרעטוועגען צוויי שטוהלען און עס ווערט אביסיל שטילער.

ביסלעכווייז ווערען אָנגעצונדען די לעמפּליך, וואָס רויכערען און לאָזען זיך הערען מיט א שאַרפען רח פון גאַז. איינציגווייז בעווייזען זיך די כלי־זמר ביי דער סצענע, וואָס איז איבערגעצוינגען מיט א ליילעך. פריהער פון אלע קומט צו געהן דער באַס. א גרויסער יוד מיט גראָבע פּאות און מיט בייזע אויגען ווי ביי א גזלן. באַלד נאָך איהם בעווייזט זיך דער קעסיל־פּויק, א האָרבאַטער בחור מיט אויסגעקראָכענע האָר. נאָכדעם קומט דער טראָמפּייט, א נידריגער יוד מיט גראָבע ליפּען, דער פלייטיסט מיט א טשאַחאָטקע פּנים, און א טרובאַטש מיט גנבה'שע איינעליך, וואָס לויפען אהין און אהער, און א צוויי דריי יונגע לייט מיט פידלען, און ערשט אויפ'ן סוף דער ערשטער פידלער, דער עלטסטער פון אלע כלי־זמר, דער דעריזשאָר.— א רויטער בחור מיט א ווייסע פּאַפּירענע מאַנישקע, מיט א קורצען פּידזשאַק, מיט שטאַרק אָנגעפּאָמאַדעטע האָר און מיט א גרויסען בלויען שנופּס. ער שטעלט זיך מיט'ן פּנים צום פּובליקום, קנאַקט

אוים אלע פיננער און שמייכעלט פון דערוווייטען צו עפּיס א מיידיל מיט ווייסע הענטשקעליך. די גאנצע קאַפּעליע זעצט זיך אוים און מע נעמט זיך אָנשטעלען די אינסטרומענטען. קודם כל טהוט דער דע־ריזשאָר א קלאַפּ מיט'ן סמיטשיק איבערן פידעלע און דער טראָמיי־טער מיט די גראָבע ליפּען גיט א טאָן און תיכף נאָך איהם אלע איבריגע שטעלען א טאָן און הויבען אָן זיך דורכרעדען אויף זייערע אינסטרומענטען: דאָס פידעלי פערגעהט זיך, וויינט און חליפּעט; דער טראָמייט מאכט האָלדירו! האָלדירו! ווי איין אינדיק וואס מע האט איהם שטארק צורייצט. דער באָס בורטשעט אונטער ווי א בער, און דער פלייט פּייפּט זיי אָן אלעמען, און אינאיינעם קומט דאס אוים א מישמאַש, ווי פון עטליכע מאות ווייבער אויף א יריד און א געפּילדער פון אסאך גענז און קאַטשקעס . . . עס בעווייזט זיך עפּיס איינער א יונגערמאן מיט א גרינע קאַפּאָטע, טראָגט אין איין האנד א פּאַק מיט פּאַפּירען און אין דער אנדערער האנד א האלבע בולקע מיט א שטיקיל הערינג, און זעצט זיך אנידער גאנץ אויבען אָן אויף א קליין בענקעלע אקעגען דער סצענע און בייסט איבעד.

—ווער איז דאס?—הער איך ווי די דאַמע מיט'ן ווייסען פעדער פרעגטביים קאַוואַליער.

—דאס איז זייער סופלירער—ענטפערט איהר דער קאַוואַליער

—וואס הייסט סופלירער?—פרעגט איהם ווידער די דאַמע.

—דאס הייסט זייער פירזאָגער—זאגט דער קאַוואַליער . . .

און פון יענער זייט לייליך רעדען זיך איבער די אקטיאָרען צווי־שען זיך פון פערשיעדענע זאכען:

—וואו איז ערניץ פריידיל צו אלדע שווארצע יאָהר?

—זי איז נעגאנגען צום שוסטער. זי האט ניט אין וואס ארוים־צוגעהן אויף דער סצענע.

—קראנק געווען געהן ביי טאָג? א שענע פרימאדאָנע! . . .

—אברהמ'על, טהו אוים די הויזען!

—וואָס מאַכען דיר קאַלי מיינע הויזען?
—אַ שענע באָבע יאַחנע מיט הויזען!
—איך נעה דאָך אויבען אַ קליידיל!
—איך וויים, אַז דו טראָגסט אויבען אַ קליידיל. וואָס וועט אָבער זיין אַז מע וועט דיך ווארפען אין פייער? דעמאָלט פליהסט דו מיט'ן קאָפּ אַראָב און מיט די פיס אַרויף, וועט מען אַרויסזעהן די הויזען . . .
—גיב מיר בעסער אַ ציה טהון פון דיין פּאַפּיראָס, דו פּאַרכוען! . . .
—האָצמאַך! וואו איז דיין באָרד? פאַרוואָס קלעפּסט דו שוין ניט אָן די באָרד? . . . רבקה! שמיר אָן דאָס פּנים מיט קרייד! . . . מנשה'קע! מאַך דיר אַ האָרב פון אונטען ס'זאָל אויסקומען בעסער! . . . וואו איז ערניץ די פּיס? ווער האָט געבראַכט די פּיס פון יאַטקע? טויזענד מאָל האָב איך אייך געזאָגט אַז מע שפּיעלט „קאַלדוניאַ" בע־דאַרף זיין אַ פּיס! . . . דער רוח זאָל אייך נעמען! וועלוויל! וואָס ביזט דו פאַר אַ רעזשיסאָר, דו יאָלד איינער?! . . .

פּלוצים ווערט אַ קלאַפּעריי אין טהעאַטער אַז מען קאָן קאָן טויב ווערען. עס פליהט דורך איינער מיט אַ גלעקיל און קלינגט, עס גערט אוועק עטליכע מינוט. דער עולם הויבט אָן ווידער צו שרייען און צו קלאַפּען. יענער לויפט ווידער דורך מיט'ן גלעקיל. און אַזוי עטליכע מאָל, ביז דער רויטער פידלער חאַפּט זיך אויף, טהוט אַ מאַך עטליכע מאָל מיט'ן קאָפּ אַרויף און אַראָב, מאַכט צורעכט דעם קאָלנער מיט ן בלויען שניפּס, טהוט אַ זעץ מיט'ן שטעקעל; און די כלי זמר שפּיעלען אָב אַ „שטיקיל". הויבט דער עולם ווידער אָן צו שרייען און צו קלאַ־פּען, שפּיעלען די כלי זמר נאָך „אַ זאַך"; עס ווערט ניט שטיל ביז עס הויבט זיך אויף דער לייליך און די „שפּיעל" הויבט זיך אָן.

צום אַלעם ערשטען נעהט אַרויס אַ מיידיל מיט איין אונטערשט קליידיל און מיט צופּלאָכטענע האָר, גלייך ווי עמיצער וואָלט זי גאָר וואָס אויסגעפּאַטשט, און הויבט אָן זינגען אַ טרויעריג ליעדעל פון איין

אָרימע יתומה מיט'ן נוסח פון „סטאַיט גאָרא וויסאָקאיאו וויסאָ־קאיא“! . . . און דאָס גאַנצע פּובליקום האַלט זי אונטער; פריהער שטיל, וואָס ווייטער אַלץ העכער און העכער, אזוי אז מע הערט שוין מעהר ניט דאָס מיידיל זינגען, נור דאָס פּובליקום, שפּרינגט ארויס איינער פון די אַקטיאָרען אויף דער סצענע און בעט דעם עולם „עס זאָל זיין שטיל“! דער עולם ווערט שטיל, אָבער נישט אויף לאַנג. דאָס מיידיל הויבט נאָר אָן צו זינגען, אזוי זינגט מיט איהר גאַנץ קהל. עס שפּרינגט ארויס ווידער אַמאָל דער איינענער אַקטיאָר נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל, ביז ער גערט ארויס פון די כלים און זאָגט זיי מיט'ן הארבען וואָרט:

—איהר וועט ניט אנשטימט ווערען? אָט רוף איך ארויס רב לאָזער גאָראָדאָוואָי מיט דער קישקע, וועט א רוח אין אייער ט . . . ט . . . אריין! . . .

דער עולם הערט אויף צו זינגען, נאָר מע זאָגט מבינות, אים־ליבער נאָך זיין פערשטאַנד, דער זאָגט אז זי קאָן אזוי זינגען ווי איך טאַנצען . . . דער זאָגט אז זי זינגט דווקא ניט שלעכט . . . דער זאָגט, אז זי האָט א קול פון א „ריקבעט“, און דער זאגט אז עמיצער זאָל איהר אונטערטראָגען א בולקע וואָלט ער פערדינט א מצוה. די אונטערשטע בענק שרייען ס'זאָל זיין שטילער! נאָר עס העלפט נים. ביז עס פליהט ארויס אויף דער סצענע האָצמאַך, א יוד מיט א מאָדנע שטריימיל, מיט איין האַלבע באָרד מיט לאַנגע פּאות כמעט ביז'ן גארטיל, מיט שיך און זאָקען, מיט איבערגעקעהרטע אוינען און מיט א האָרב אויף די פּלייצעס. האָצמאַך טראָגט מיט זיך א קאָשעק מיט סחורה, לויפט ארום איבער דער סצענע ווי א משוגענער און רעכענט אויס, וואס ער האט צו פערקויפען: „בייטשעליך, שטע־קעליך! שוועבעליך, מעסערליך! זאָקען פּאַפּירענע! קליידליך קרישטאָ־לענע! שפּילקעליך, בייזועליך! קויפט עפּיס ווייבעליך“! . . . און טהוט זיך אַלע מאָל א חאַפּ ביי די פּאות, א שפּרינג און א געשריי:

—האַצמאַך, דער רוח זאָל מעך נעמען! . . .

דער עולם ווערט אזוי נתפעל פון האַצמאַכען, אז עס ווערט איין איינלייגעניש אויף א האלבע שעה, מע פאַטשט בראַוואָ, מע שרייט „האַצמאַך!" מע סלאַפּט מיט די שטעקענס איבער די בענק, מע וויל נאָר נישט אויפהערען. האַצמאַך פּרובט זיך איינשטילען דעם עולם; ער שטעלט זיך אוועק און מאַכט מיט די הענד, הויבט מען אָן נאָך מעהר צו שרייען: „האַצמאַך! א טענציל. האַצמאַך! האַצמאַך! . . . פלוצים . . .

פלוצים האט עפּיס נעגעבען א פּאַטש מיט די פליגעל, א פליה פון אויבען אראָב און א פאַל נלייך אויפ׳ן הוט מיט׳ן ווייסען פעדער פון דער דאַמע מיט די בריליאַנטען. די דאַמע הויבט אָן פאר שרעק צו חלש׳ען און אין טהאַטער ווער מיט אמאל א בהלה מיט א געשריי: „געוואלד, יודען, ראַטעוועט! ראַטעוועט!" איינער האט א געשריי געטהון: „עס ברענט!"—און מעהר האט מען נישט בע־דאַרפט. ס׳איז געוואָרען א שפרונגעניש איבער בענקליך, א שטו־פעניש, א קוועטשעניש, א לויפעניש איבער קעפּ צו דער טיהר מיט א געשריי: „חאַסי וואו ביזט דו? . . . יענקיל אהער! . . . רבקה, האלט זיך! . . . מאָטיל, איך שטאַרב! . . . ברכה, שריי ניט! . . . בעני, וואו איז יענטיל . . . מאַמע, אָט בין איך, מאַמע! מאַמע!" . . .

נאך איין מינוט וואָלט פון אונז אלעמען געוואָרען א תל אין איין אוינענבליק. א גליק וואס נח דער שווייצאר פון מיין האָטעל איז נעפאַלען אויף א שכל, און האָט אונז אלע אויסנעלייזט פונ׳ם טוידט. ער איז ארויפגעשפּרונגען אויף א בענקיל און האט זיך אָנגערופען צום פּובליקום אויף א נעמבע:

—שוטים! נאַראָנים! לייםענע גולמ׳ס! גלאַטע בהמות! ציגענע בערד! נאַרישע גאָרגלען! ווייבערשע נשמות! וואס פילדערט איהר? וואס שרייט איהר? וואָהין לויפט איהר? אָט ווערט פון אייך באלד א פרעזשעניצע! טפשים! פאר וועמען האט איהר אייך דאָ איבערגעשראָקען?

פאר א נאריש עוף? איהר זעהט דען ניט, אז איין עוף איז אראָבגע־שפרונגען פון דער „סידעלע”? רב לאָזער, וואָס שווייגט איהר! שטעלט אָן די קישקע! . . . כלי־זמרים! א רוח אין אייער ט . . . אריין, א פרייליכס טאָדע רידעריראדערידערא דערידע! ! !

די כלי זמר האָפּען אָב א פרייליכס און דער עולם הויבט זיך אָן אויפצוזעצען צוריק אויף די ערטער. . . איך גנב'ע מיך ארויס פאוואָלינקע פונ'ם טהעאטער, האָפּ א ביידיל און היים מע זאל מיך פיהרען אויף דער סטאנציע, אין „האָטעל טערקאליא”. דאס ביידיל העצקעט מיך איבער די שטיינער און שטעלט זיך אָב אלע ווילע און העצקעט ווייטער.

—וואס שטעלט איהר זיך אָב אלע מינוט? — פרעג איך דעם בעל־עגלה.

דער רוח ווייסט זיי!—ענטפערט ער מיר—וויאָ! עס האָט זיך זיי פערגליסט בעלייכטען אונזער באדריפּעטשער בלאָטע, האָבען זיי אויס־געקלעהרט עפּיס א מין בעלייכטונג „לאמטעדערידעמס” אזעלכע, וואס איבער זיי קאן מען נישט פאָהרען, מחמת די פערדליך שרעקען זיך פאר די סטאָיפּעס. זיי זענען נישט געוואהנט נעוואָרען ביי אונז מע זאל זיי בעלייכטען, וויאָ! .. אלע מאָל, אלע מאל, קלעהרט מען צו א נייע צרה: פריהער א טראמבליק, איינגעזונקען זאל ער ווערען! וויאָ! . . . נאכדעם לאמטעדערידעמס אויף צו שרעקען די פערד. און איצטער זאגט מען וועלען זיי שוין פערוועהרען דאס וואסער פון דער גנילאָפּיאַט־קע. . . זיי גראָבען עפּיס ברונעס אזעלכע, און זאגען אז דאס וואסער פון די ברונעס איז בעסער ווי דאס וואסער פון דער גנילאָפּיאַטקע. וויאָ! . . . עס וועט זיי, מאָלט אייך, העלפען ווי א טוידטען באנקעס, מחמת די וואסער־פיהרער זאגען, אז זיי זאלען וויסען דער טוידט זאל זיי זיין וועלען זיי ניט דערלאזען, אז באדריפּעטש זאל טרונקען נאָר ברונען־וואסער! וויאָ! . . . זיי ווייסען שוין גאָר ניט וואָס אויסצו־טראכטען, די נגידים ברענען זאלען זיי! מע זאגט אז עס וואכסט

יאקבי פון יעהופעץ . . . די יעהופעצער נגידים פעהלט א פנים נור קאַפּ־וועהטאָנ? וויאַ! . . . זיי זיצען און ברעכען זיך די מוחות, ווי אזוי נעמט מען צו ביי יודען פרנסה, אויסרייסען ביים אָרימאַן דעם לעצטען ביסען ברויט פונ׳ם מויל . . . א מיתה מהומה זאָל אויף זיי קומען דאָרטען אין יעהופעץ! וויאָ קינדער, וויאָ! . . .



# מאַסליאַנסקי'ס דרשות

## אין בוך־פאָרם

ווער האָט דאָס אַמאָל ניט געהאַט דעם פערגניגען צו הערען דעם פאָלקס־רעדנער מאַסליאַנסקי? מאַסליאַנסקי'ן הערען אַלע. יעצט זיינען די בעסטע רעדעס פון דעם מטיף מאַסליאַנסקי ערשיענען אין בוך־פאָרם, דאָס בוך וועט בעגעגענט ווערען מיט פרייד ביי די אַלע וואָס האָבען געהערט אַמאָל מאַסליאַנסקי'ן.

שוין יאָהרען לאַנג אַז מאַסליאַנסקי האַלט זיינע פאָרטרעגע אַלע פריי־טאָג אויף דער נאַכט אין דעם „עדיוקיישיאָנאַל אַלייענס“ פאַר הונדערטע צוהערערס.

מאַסליאַנסקי'ס רעדעס זיינען אימער אַ שטאַרקע פראָפּאַגאַנדא פאַר העברעאישע אידעאַל'ען, פאַר אַ ריינעם אידישען לעבען, פאַר אידישע אייניג־קייט און אידישער זעלבסטבעוואוסטזיין.

ניט אומזיסט איז מאַסליאַנסקי אַ ליעבלינגס־רעדנער ביים אידישען פובליקום.

מאַסליאַנסקי איז ניט קיין בעל־דרשן, נור אַ מטיף. אַ בעל־דרשן האָט מעהר אין זינען צו פערענטפערען אַ קשיא אויף אַ שווער שטיקעל גמרא, און דער עיקר צו מזכר'ן דעם עולם פאַר וואָס ער איז ניט פרום גענוג. די פראַגען פון אידישען לעבען, פון אידישען כלל, די פראַגען פון דער צייט אינטערעסירען דעם בעל־דרשן גאָר ניט, אָדער זעהר וועניג.

אנדערש איז דער מטיף. אויך ער „פערבראָקט“ אַמאָל זיינע רעדעס מיט אַ פסוק פון תנ"ך, מיט אַ שטיקעל גמרא, דאָס איז אָבער מייסטענס גענומען אַלס איללוסטראַציאָן, אַלס ביישפיעל פאַר אַן ערשיינונג פון היינ־טיגען לעבען.

מאַסליאַנסקי איז אַ מטיף און איהם הערען דעריבער מיט פערגניגען עלטערע אידען און אויך דער יונגערער דור, וואָס פערשטעהט אידיש.

מאַסליאַנסקי'ס דרשות זיינען איינגעטהיילט אין 3 טהייל'ען: ערשטער און צווייטער טהייל ענטהאַלטען רעדעס אויף שבתים און ימים־טובים אין אידיש, דער דריטער טהייל איז אין העברעאיש און איז אַיין אַבסטראַקט פון אַ ים רעדעס וואָס מאַסליאַנסקי האָט געשאַפען אין דער העברעאישער ליטעראַטור.

מאַסליאַנסקי'ס דרשות זיינען געבונדען אין צוויי פראַכטפאָלע בענדער.

**פרייז 1.50, פאָרטאָ פריי.**

צו בעקומען ביי אַלע בוכהענדלער ווי אויך ביי די פערלעגער

HEBREW PUBLISHING COMPANY,

83-85-87 Canal Street, New York.

— די —

# אימיגראנטען

— פון —

## לעאן קאבּרין

דיעזער ראָמאַן פון דעם בּעוואוסטען אידישען שריפטשטעלער און דראַמאַטורג לעאָן קאָבּרין איז איין אמתער פּעריל אין דער אידישער ליטעראַטור. אין איהם ווערט געשילדערט מיט בּרענענדיגע פאַרבּען דאָס לעבּען פון די אידישע אימיגראַנטען אין אַמעריקאַ, דער שווערער שטרייט, וואָס די אימיגראַנטען האָבּען צו פיהרען אין דיעזער לאַנד פאַר זייער עקזיסטענץ. דאַן פיהרט דער פערפאַסער פאַר אונז אַרויס אין דיזען ווערק אַ גאַנצע גאַלערעע פון טיפּען און כּאַראַקטערע, פון'ם לעבּען אין אונזער אידישען קיואַרטאַל.

אויך ווירד דאָרט געשילדערט ציוניסטען, אידישע אַסימילאַטאָרס, סאָציאַליסטען, אַנאַרכיסטען און אַזוי ווייטער. אויסער דעם איז דער ראָמאַן אליין זעהר אַנ'אינטערעסאַנטער די לעזער וואָס ווילען זיך בּעקענען מיט דער אידישער נאַציאָנאַלער פראַגע און מיט דער אידישער לאַגע בּכלל, דאַרפען לעזען

## „די אימיגראנטען"

און די וואָס זוכען אין אַ ראָמאַן אַנ'אינטערעסאַנטע האַנדלונג, אויפרעגענדע סצענען, ועלען דאָס אַלעס געפינען אין דיזען ווערק פון לעאָן קאָבּרין.

\+++++++++++++

**פּרייז 30 סענט.**

צו בּעקומען בּיי אַלע בּוכהענדלער, ווי אויך בּיי די פערלעגער:

**HEBREW PUBLISHING COMPANY,**

**83-85-87 Canal Street, New York.**